אליעזר שינדלער

# צווישן חדר׳ל און גאנגעס

אָריענטאַלישע מעשהלעך

עלפטע זאמלונג



פארלאג „גרינינקע ביימעלעך"
ווילנע ◦ ◦ ◦ 1937

אליעזר שינדלער

# צווישן חדקל און גאַנגעס

## אָריענטאַלישע מעשהלעך

עלפטע זאמלונג



פארלאג „גרינינקע ביימעלעך"

ווילנע ○ ○ ○ 1937

# דער לייב און די מײַז, דער קאַליף, די פליגן, דער פוקס און דער קאָטער.

אין אַ וווּנדערלעכן וואַלד, ווײַט אין דער מדינה אינדיע, האָט אַ מאָל געקיניגט אַ לייב. אַלע חיות, וואָס אין די פליינען און פעלדער אַרום דעם הייליקן טײַך גאַנגעס, האָבן געציטערט פאַר זײַן זאָג, אים אָפּגעגעבן גרויס כּבוד און געפאָלגט זײַנע באַפעלן. וואָרום וועגן זײַן כּוח און גבורה האָט געקלונגען אַ וועלט.

נאָר פון איין מין בעלי־חיים האָט דער לייב געהאַט גרויס צער און עגמת־נפש. דהײַנו: אין דער קיניגלעכער הייל האָט זיך אויפגעהאַלטן אַ מחנה מײַז—גאָר עזותדיקע באַשעפענישן, אָן אַ ברעקל אָרנטלעכקייט, אָן יעטוועדן דרך־ארץ.

איז למשל אין דער הייל געבליבן עפּעס פונעם רויב, וואָס דער מלך פלעגט ברענגען, האָבן זיך די מײַז תּיכּף ומיד דערויף געוואָרפן און אַלץ צעגריזשעט און צעפרעסן.

דער מלך האָט דאָס דאָזיקע אויסגעלאַסענע פאָלק ניט געקענט גובר זײַן, וואָרום זיי זײַנען

אויסערגעווייינטלעך גיכע און אימפעטיקע און, איידער וואָס און ווען, ווערן זיי פאַרשווונדן אין זייערע ענגע נאָרעס.

פלעגט דער לייב שלאָפן, איז די חברותא אים געקראָכן אויף דער נאָז; האָט ער גע־שנאָרכט אָדער בײַם חלומען געעפנט דאָס מויל, זײַנען זיי אַרײַן אינעווייניק און ארויסגעצויגן די רעשטיקע פּיצלעך עסנס, וואָס זײַנען בײַ אים געבליבן שטעקן צווישן ציין און יאַסלעס. זיי האָבן דעם מלך געצופּט פאַר דער באָרד, אים געקראָכן איבערן ווײַדל. בקיצור: כּסדר גאָר שטאַרק דערקוטשעט.

•

איז אַ מאָל אין אַ יומא־דפּגרא דער פוקס געקומען באַזוכן דעם לייב. האָט דער מלך זיך באַקלאָגט פאַרן פוקס, אים דערציילט, וואָסערע געברענטע צרות ער האָט אויסצושטיין פון די מײַז, און געבעטן בײַם פוקס, דעם חכם צווישן די חיות, ער זאָל אים געבן אַן עצה.

האָט דער פוקס געשמייכלט און געזאָגט:

— געאַכפּערטער האַר! אײַך גייט אַזוי מיט

די מײַז, ווי ס'איז דערגאַנגען דעם קאַליף פון באַגדאַד מיט די פליגן.

האָט דער לייב געפרעגט:

— ווי אַזוי איז דאָס דעם קאַליף פון באַגדאַד דערגאַנגען מיט די פליגן?

האָט דער פוקס גענומען דערציילן:

אַ מאָל איז זער מעכטיקער קאַליף פון באַגדאַד, דער וואָס זײַנע פעלקער און שבֿטים האָבן אים געגריסט מיט דעם נאָמען: „הערשער פון דער וועלט", געזעסן מיט זײַנעם אַ מיניסטער און ראַטהאַר אויפֿן גאַניק פֿון זײַן פּאַלאַץ און געשמועסט וועגן מלוכה־זאַכן, וועגן פֿראַגן פון וויסנשאַפט, חקירה, רעליגיע און אַנדערע כּדומה און כּדומה געהויבענע ענינים.

ס'איז דעמלט געווען אַן אויסערגעוויינטלעך קאָכעדיקער טאָג. אַ ביסל קילקײַט האָבן פּאַר־שפּרייט די ביימער, וואָס האָבן אויסגעשטרעקט זייערע געדיכטע צווײַגן איבער דעם גאַניק, און ס'טײַכל, וואָס האָט געפּלושקעט אין דער נאָנט.

אָבער פּאָרט זײַנען די צח״ אַלע מאָל געוואָרן געשטערט און געמוזט איבעררײַסן די טיפע שמועסן, וואָרום מחנות פליגן זײַנען גע־

פֿליגן איבערן גאַניק און זיך אומעטום געזעצט.
אַפֿילו אויפֿן שטערן, אויף דער נאָז, אויף די
הענט, אויף די וויִעס און אויף די ליפּן פֿונעם
קאַליף האָבן זיך די זלידנע פֿליגן אַנידערגע־
זעצט און זשעדנע גענאָגט און געביסן.

און ס'האָט ניט געהאָלפֿן קיין שום זאַך.
מע האָט זיי באין־אופֿן ניט געקענט פֿאַרטרײַבן.

איז דער קאַליף געוואָרן בייז און האָט גע־
זאָגט:

— צו וואָס זײַנען די דאָזיקע באַשעפֿענישן
נייטיק? צו וואָס טויגן זיי, אַזוינע מיאוסקייטן?
א שטראָף און אַן אָנשיקעניש פֿאַר אַלעמען...
די פֿליגן, וואָס האָבן זיך אַנידערגעזעצט אויף
מײַנע ליפּן — ווער ווייס, אין וואָסער שמוץ זיי
זײַנען פֿריִער געזעסן?! שווער צו פֿאַרשטיין,
וואָס דער רבונו־של־עולם איז אַזוינס אויסן
געווען, בעת ער האָט דאָס דאָזיקע אומפֿלייט
באַשאַפֿן!

האָט דער מיניסטער זיך פֿאַרנייגט און
געזאָגט:

— מלכותדיקער האַר! דו גופֿא, וואָס דו
ביסט דער פֿאַרטרעטער פֿון זײַן ליבן נאָמען

אויף דער ערד, האָסט מיר אין דער דאָזיקער
רגע געגעבן אַ רמז, צו וואָס די פליגן זײַנען
נייטיק און פאַרוואָס דער בורא־עולם האָט זיי
באַשאַפן. דהײַנו: כּדי די מושלים און געוועל־
טיקער, וואָס פירן אָן מיט פעלקער און מלוכות,
צו ווײַזן, אַז יעטוועדער מאַכט און ממשלה האָט
אַ גרענעץ; אַז מאַכט און הערשאַפט דאַרף מען באַ־
נוצן מיט באַשיידנקייט און אַז בײַ דער גאַנצער
גרויסקייט פון זייער כּוח זײַנען די הערשער און
געוועלטיקער פאָרט שוואַכער פון די שוואַכסטע!
אָט פאַרוואָס דער באַשעפער פון דער וועלט
האָט די פליגן באַשאַפן!

האָט זיך דער קאַליף פאַרנייגט און צום
מיניסטער אַזוי געזאָגט:

— איך דאַנק דיך האַרציק פאַר דײַנע
קלוגע רייד און פאַר דעם מוסר־השכל. יאָ, מיר
דאַרפן זיך טאַקע לערנען ענוות און באַשיידנקייט!

און פון יעמלט אָן האָט דער קאַליף אַ סך
גרינגער געקענט פאַרטראָגן אומגליקן, יסורים
און פּײַן.

אָט אַזוי האָט פאַרענדיקט דער פוקס זײַן
מעשׂהלע.

*

האָט דער לייב דערויף געענטפערט:

— פאַרט וואָלט איך געגעבן אַ גרויסע מתּנה דעם דאָזיקן, וואָס זאָל מיך באַפרײַען פון די מײַז!

האָט דער פוקס געזאָגט:

— ניטאָ קיין גרינגערע זאַך ווי דאָס! וואָרום אַזוי ווי גאָט האָט אין זײַן חֶסד באַשאַפן מײַז, אַזוי האָט ער אויך באַשאַפן די חַיה, וואָס דורך איר קען באַגרענעצט ווערן דער שאָדן פון די מײַז.

האָט דער לייב געפרעגט:

— וועלכע חיה איז דאָס?

האָט דער פוקס געענטפערט:

— דאָס איז די קאַץ, וואָס איז היימיש אין די הײַזער פון די מענטשן. אַגב איז זי דײַנע אַ קרובֶהטע.

— ווי אַזוי אַ קרובֶהטע? — האָט דער לייב געפרעגט.

און דער פוקס האָט דערציילט:

— דעמלט, אין די טעג פון מַבּול, ווען אַלע חיות זײַנען געווען אין נחס תֵּיבה, האָבן זיי אויך געהאַט צו זינגען און צו זאָגן פון די מײַז, אַזוי

ווי דו איצט אין דײַן הייזל. האָט גאָט געהייסן נחת, ער זאָל מיט זײַן הייליקער האַנט גלעטן דעם שטערן פונעם לייב. זײַנען כּונעם לייבס נאָז־לעכער אַרויסגעשפּרונגען צוויי קעץ און זיי האָבן באַלד און גיך געמאַכט אַ תּל פון די מײַז.

זינט דעמלט, פון נחס צײַטן אָן, זײַנען די קעץ די הערשער איבער דעם מײַזנפאָלק און די מײַז, וואָס האָבן אפילו פאַר לייבן ניט קיין מורא, ציטערן זייער גאַנצן לעבן אין אימת־מוות פאַר קעץ.

האָט דער לייב געזאָגט:

— גוט! באַזאָרג־זשע מיר אַ קאַץ, און אויב זי וועט טויגן, קען זי ווערן מיניסטער אין מײַן הויף.

*

— איז דער פוקס אַוועק צו זײַן פרײַנד, דעם קאָטער, און אים צוגערעדט צו דעם עסק, ער זאָל זיך אַרײַנצײַען אין דער הייל פונעם לייב.

— דו דאַרפסט זען — האָט דער פוקס געזאָגט צום קאָטער — אַז די מײַז זאָלן דעם לייב ניט דערקוטשען. און אַז דו וועסט דײַן אַרבעט טאָן ווי סע דאַרף צו זײַן, וועסטו בײַ אים זײַן

זייער חָשוב און מיט דער צײַט װערן אַ קָרוב למַלכות.

איז דער קאָטער געקומען, האָט איבערגע-נומען זײַן אַמט און געזען, אַז דער לייב זאָל האָבן מנוחה פון די מײַז.

דער קאָטער, אַלט, כיטרע און געניט, האָט קודם-כּל אין זין געהאַט זײַן אייגענע טובה. ער האָט ניט אַלע מײַז פאַרטיליקט. ער האָט נאָר עטלעכע דערהרגעט און די מַחנה פאַר-טריבן אין זייערע לעכער.

און כּל-זמן דער קאָטער איז געװען אין דער הייל, האָבן די מײַז זיך ניט דערנענטערט צום לייב. אָבער זיי האָבן זיך ביסלעכװײַז גע-דרייט אין דער הייל, אַזוי אַז דער לייב האָט געמוזט געדענקען, װי נייטיק ער דאַרף האָבן זײַן מיניסטער, דעם קאָטער.

אָבער אַ מאָל האָט דער קאָטער געמוזט מאַכן אַ װיכטיקע נסיעה. איז ער געקומען פאַר-לייב און געבעטן:

— מלך און האַר! איך מוז אויף עטלעכע טעג אַװעק. גיב מיר רשות דאָ צו לאָזן מײַן זון

דעם בכור. ער וועט דאָ וואַכן און וועט דיך היטן פאַר די מײַז!

דער לײַב האָט באַשטאַנען און שוין דעם צווייטן טאָג האָט דער יונגער קאָטער איבער־גענומען דעם פאָטערס אַרבעט.

*

דער יונגער קאָטער איז נאָך געווען אַ גרי־נער און אַ היציקער. חוץ דעם האָט ער געוואָלט ווײַזן פאַרן מלך זײַן גרויס בּריָהשאַפט. האָט ער זיך געוואָרפן אויף די מײַז און אָנגעמאַכט אַ מוֹרָאדיקע שחיטה. אין משך פון עטלעכע טעג האָט ער זיי אַלע אויסגעקוילעט. ס'איז פון זיי ניט געבליבן קיין שָׂריד וּפָליט. ניט צו מאָל קיין מײַזן־ווײדעלע אויף אַ רפואָה.

ווי דער אַלטער קאָטער איז צוריקגעקומען פון דער נסיעה און געזען, וואָס זײַן תּכשיט, דער בכור, האָט געטאָן, איז ער געוואָרן מָלא־כַּעס און געשריגן:

— אוי, דו שוטה! אַזוי האָסטו מיך און זיך אומגליקלעך געמאַכט! דורך דײַן נאַרישקייט אָנגעווירן אַזאַ אַמט, אַזאַ פּרנסה און אַזאַ כּבוד! — אַלץ. וואָס איך האָב מיר מיט מײַן חכמה דער־

וואַרבן און דערהאַלטן. איצט, אַז קיין מײַז זײַנען ניטאָ, וועט מען אונדז הייסן גיין צו אַלדי רוחות.

און אַזוי איז טאַקע געשען. ווי דער לייב האָט געזען, אַז ס'זײַנען שוין ניטאָ קיין מײַז, וואָס זאָלן אים פֿײַניקן, האָט ער געזאָגט צום פֿוקס:

— איך זע ניט קיין מויז. צו וואָס־זשע דאַרף איך דאָ דעם אַלטן קאָטער? שיק אים אַוועק!

אַזוי האָט דער קאָטער פֿאַרלוירן זײַן אַמט. געמוזט ווידער גיין דינען בײַ די מענטשן און דאָרט שווער און ביטער האָרעווען אויף דעם שטיקל ברויט.

דער קאָטער האָט צו שפּעט באַדויערט, וואָס ער האָט זײַן זון דעם בכור ניט געזאָגט און ניט געלערנט, ווי אַזוי מע דאַרף דינען צו מלָכים און גרויסע לײַט — אַז דער עיקר דאַרף מען פֿאַרשטיין אַרויסצווײַזן, ווי נייטיק מ'איז אויף דעם אַמט און ווי וויכטיק די אַרבעט איז, וואָס מע טוט, און אַז דאָרט, וווּ ס'זײַנען קיין מײַז ניט פֿאַראַן, קען אויך די קאַץ ניט זײַן קיין גרויסע יחסנטע און קען ניט דערגרייכן קיין איבעריק הויכע מדרגה פֿון חשיבֿות און כּבֿוד.



# דער קאָטער איז געוואָרן אַ בעל־תשובה.

אין דער מדינה פונעם מלך סודארשאַן, אינעם שטעטעלע שריפור, איז געווען אַ סוחר מיטן נאָמען סאַהאסראַדאַט. האָט ער געצויגן זײַן חיונה פון אַ פּוטער־קלייטל.

די קריגלעך מיט פּוטער, צוגעדעקטע מיט שטערצלעך, זײַנען געשטאַנען אין אַ קילן אַלקערל, וואָס לעבן געוועלבל.

איין מאָל האָט סאַהאַסראַדאט פארגעסן צו־דעקן אַ קריגל. איז געקומען אַ קאָטער, האָט זיך אים שטארק פארגלוסט די פּוטער. האָט ער מיט געוואַלד געגומען ארײַנשטופן זײַן קאָפּ אין דער כּלי און צוריק אַרויסשלעפּן ניט געקענט.

דער סוחר איז געשטאַנען אין געוועלבל, אָפּגעפּארטיקט עטלעכע קונים. דערהערט ער פּלוצלונג פונעם אַלקערל אַ געפּילדער. גייט ער נאָכקוקן. דערזעט ער, ווי די חיה מוטשעט זיך. באַקומט ער אויף איר רחמנות, ווייל איר העלפן. ס'איז אָבער ניט מיגלעך. צעהאַקט ער דאָס קריגל און באַפרײַט דעם קאָטער.

דאָס העלדזל פונעם קריגל איז אָבער גע־בליבן הענגען אויף דעם קאָטערס האַלדז.

ווײַל דער כוחר דאָס העלדזל אויך צעבּרעכן. אָבער אַ דערשראָקענער איז דער קאָטער אַוועקגעשפּרונגען און מיט דעם ערדענעם רײַפל אויף זײַן האַלדז געלאָפן אין אַ נאָענטן דערפל און פון דאָרט זיך אַרויסגעלאָזט אויף די הירוש־פעלדער.

*

די הירזש־זאַנגען זײַנען געשטאַנען הויכע און געדיכטע און צווישן זיי האָבן זיך געפּרוכ־פּערט און געהאָדעוועט אַ מישפּחה פון טויזנט מײַז.

דערזען דעם קאָטער, האָבן די מײַז זיך שוין געקליבן צו אַנטלויפן אין זייער באַהעלטע־ניש אַרײַן.

ווענדט זיך דער קאָטער צו זיי מיט חנעוודיקע קנייטשעלעך און לאַקרעץ־זיסע דיבורים:

—איר האָט פאַר מיר ניט וואָס זיך צו שרעקן און דאַרפט ניט אַנטלויפן. איך האָב פאַרזייט קאַדאָ־רײַז *). בין איך געקומען אַהער אין

*) קאַדאָ—באַטײַט אויף די אינדישע דיאַלעקטן וואָס ווערן גערעדט אין צפון פון גודזשאַראַט, אַ מין רײַז, אַ קרײַטעכצער וואָס ווערן גענוצט פאַר רפואות.

פעלד אַרײַן אַ קוק טאָן, ווי די זריעה איז גע־ראָטן. מיסתמא האָט איר געהערט, אַז איך האָב געטאָן אַ נדר, שוין קיין מאָל קיין בלוט צו פאַרגיסן; אַז איך האָב זיך גאָר אין גאַנצן אָפּגע־זאָגט פון די תענוגי עולם־הזה און בין געוואָרן אַ בעל־תשובה און אַ נזיר*). שוין אַ צײַט ווי איך פּראַוווע תעניתים. איך עס ניט קיין פלייש און טרינק ניט קיין מילך און פּײַניק מײַן זינדיקן גוף מיט אויסטערלישע סיגופים און עינויים**). אַ סימן האָט איר דאָך: איך טראָג אויף מײַן האַלדז אַן ערדענע קמיע. און פאַרנעמען טו איך זיך איצטער דער עיקר מיט זאָגן מוסר און האַלטן דרשות און פאַרשפּרייטן פרומקייט צווישן אַלע בעלי־חיים. קומט־זשע צו מיר און איך וועל פאַר אײַך האַלטן דרשות און זאָגן מוסר און אײַך אָלעמען לערנען ווי צו גיין אויפן רעכטן וועג.

האָבן די מײַז געגלייבט צו די רייד פונעם קאָטער און זיי זײַנען טאָג בײַ טאָג געקומען צו זײַנע דרשות און גאָר שטאַרק מקבל־תענוג־

*) נזיר—מאָנאַך, בראַמאַנער, אַן אָפּגעהיטער, צוליב פרומקייט זיך אָפּגעזאָגט צו געניסן פון דער וועלט.

**) סיגופים־עינוים—פייניקונגען כדי זיך צו לײַטערן פון זינד.

גערוען פון זײַן זאָגעכץ און זײַנע האַרבע שׂכל־
דיקע משָלים. אָבער ווען זיי זײַנען נאָך דער
דרשה צוריק אין הייל געגאַנגען, האָט דער
קאָטער אַלע מאָל געכאַפּט דאָס לעצטע מײַזל,
און אַזוי אָ האָבן די מײַז גאָר ניט אָנגעהויבן
צו וויסן, אַז סע פעלט עמעצער פון זייער מַחנה.

*

זײַנען צווישן די מײַז געווען צוויי עלטסטע.
איינע מיטן נאָמען אודנאָ, די צווייטע מיטן נאָמען
מאַניקאָ. איז זייער אַרבעט אין דער מײַז־מלוכה
געווען אַט וואַסערע:

אודנאָ פלעגט זיך ווי אַ וועוועריקל אַרויפ־
דראַפּען אויף די הירזש־זאַנגען, זיי גיך אָפּבײַסן
און אַראָפּוואַרפן, און זײַן חברטע מאַניקאָ האָט
די זאַנגען פלינק אַריבערגעטראָגן אין דער הייל
אַרײַן.

האָבן די מײַז געלעבט אין גרויסער שֶפע,
געגעסן און געטרונקען און געלויבט קאָטערס
גוטע מידות.

איין מאָל איז אודנאָ ווי שטענדיק אַרויס
צו דער אַרבעט, אָבער קוים האָט זי זיך באַוויזן
אויף דער זאַנג, האָט זי דער קאָטער אַ נעם
געטאָן און אויפגעפרעסן.

האָבן די מײַז זיך אַרומגעזוען, אַז אודנאַ, זייער עלטסטע, איז ניטאָ, האָבן זיי זי געזוכט אומעטום און בײַ דער געלעגנהייט באַמערקט, אַז אין זייער הייל איז איצט אַ סך גרעאַמער ווי פריִער. תּמיד איז געווען אַזוי ענג און אויף איין מאָל גאָר אַזאַ רחבות.

האָבן זיי גענומען ציילן און געזען, אַז פון טויזנט זײַנען זיי געבליבן סך-הכּל הונדערט.

געקלערט, געטראַכט, זײַנען זיי געפאַלן אויף אַ המצאָה און באַהאַלטן אַ מײַזל, וואָס זאָל אַכטונג געבן און נאָכשפּירן. אָבער זיי זײַנען ווײַטער געגאַנגען צו די דרשות פונעם קאָטער, דעם פירער און מורה-דרך, נאָר פון די דרשות וואָס גיכער אַנטלאָפן אין דער הייל אַרײַן.

האָט דאָס מײַזל, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך, געזען, אַז דער פאַלשער קאָטער כאַפּט אַלע מאָל דאָס לעצטע מײַזל.

איז זי אַוועק אין דער הייל און דאָס דער-ציילט פאַר דער גאַנצער חבֿרותא.

איז געוואָרן אַ שוואַרצע מהומה. די מײַז האָבן כאַר כּעס געקריצט מיט די ציינדלעך.

זיי האָבן מיט א מאָל פאַרשטאַנען, ווי מיאוס דער קאָטער האָט זיי אָפּגענאַרט, און זיי זײַנען פון דער הייל שוין מער ניט אַרויס.

*

ווען דער קאָטער איז געקומען, זיך אָוועקגעשטעלט פאַרן אַרײַנגאַנג און מיטן ניגון פון א בראַמאַנער געגומען רופן זײַן עדה:

— קומט, געטרײַע, קומט הערן א ביסעלע מוסר! דערקוויקן אײַערע הערצער מיט הייליקע טרייסטווערטער! — האָט מאַניקאָ, די עלטסטע, געענטפערט פון אינעווייניק:

— מיט דײַן צביעות און געשליפן ציינגל האָסטו פאַרטשאַדעט אונדזערע מוחות און אָנגעמאַכט א חורבן צווישן אונדז. פון א טויזנטקעפּיקער מחנה איז געבליבן קאַרג הונדערט. א קלאָג צו דײַן פרומקייט און א בראָך צו דײַן נזירות!

# די קלוגע ציג און דער העלפאַנד.

אין די צײַטן פונעם מלך ווישוואַסן איז אין דער סביבה פון דער שטאָט וויסאַלאַ געווען אַ פויער מיטן נאָמען דעהאַלאַ. האָט ער געהאָדעוועט ציגן און די סטאַדע זײַנע האָט געציילט צוויי הונדערט שטיק.

דעהאַלאָס אַ ברודער און אַ פאַסטעך זײַנען יעדן אין דער פרי מיט דער סטאַדע אַרויס אויף די לאָנקעס.

איין מאָל פאַרנאַכט האָט מען די ציגן גע־דאַרפט טרײַבן אין שטאָט אַרײַן. האָט אַ גרויסע ציג זיך געפּאַשעט אָפּגעזונדערט פון דער סטאַדע און זיך פאַרבלאָנדזשעט און געבליבן אַליין אין פעלד.

קומט פונעם דזשונגל אַ גבורהדיקער העל־פאַנד, דערנעענטערט זיך צו דער ציג און פרעגט בײַ איר:

— ווער ביסטו?

ענטפערט די ציג גאָר דרייסט:

— איך בין דעם לייבס אַ מומע. איך טראַכט,

ווי אזוי איך זאָל וואָס גיכער קומען אין שטאָט אַרײַן.

ווי דער העלפֿאַנד האָט געהערט, אַז די חיה איז דעם לייבס אַ מומע, האָט ער זי אויפֿגעהויבן מיט זײַן שנוק און זי אַרויפֿגעזעצט אויף דעם האָרב פֿון זײַן קאָפּ און מיט איר אַוועק אין שטאָט אַרײַן.

געקומען נאָר דעם שטאָטמויער, האָט דער העלפֿאַנד אַראָפּגעלאָזט די ציג אויף דער ערד און זיך מיט איר געזעגנט.

גראָד איז פֿונעם טויער אַרויס דעהאַלאָ מיט נאָך עטלעכע לײַט זוכן די ציג.

דאָס אַלץ דערזען, האָבן זיי זיך זייער שטאַרק געחידושט.

האָט דעהאַלאָ געפֿרעגט בײַ דער ציג:

— ווו ביסטו פֿאַרפֿאַלן געוואָרן?

האָט די ציג גענומען דערציילן:

— איך האָב זיך געפּאַשעט ווײַט פֿון דער טשערעדע און זיך פֿאַרבלאָנדזשעט. איז מיר אַקעגן געקומען דער העלפֿאַנד. האָב איך מיך זייער דערשראָקן. געמיינט, אַז אָט איז מײַן סוף. האָט ער בײַ מיר געפֿרעגט: ווער איך בין. האָב

איך אים געענטפערט, אז איך בין דעם לייבס א מומע; און אז ער, דער העלפאנד, זאל מיך פארבעטן אויף זיך צו רײַטן, כּדי איך זאל וואס גיכער קומען אין שטאָט אריַין, וואָרום באלד פאלט צו די נאכט.

האָט ער מיך בכּבוד-גדול ארויפגעזעצט אויף זײַן קאָפּ און מיט מיר געריטן ביז צום שטאָטטויער און דאָ האָב איך דיך, באלעבאָס-לעבן, געטראָפן.

איז פארן טויער געשטאנען א געלערנטער בּראמאנער. האָט ער געהערט, וואס מיט דער ציג איז געשען. האָט ער געזאָגט:

— איצט זעט מען באשײַמפערלעך, ווי אמת ס'איז דער פּסוק, וואס ווערט געבּרענגט אין די הייליקע סאנסקריט*)-ספרים: „זוך ניט קיין הילף און קיין אָנלען בײַם שוואכן, נײַערט בײַם גרויסן און שטארקן". —וואָלט די ציג ניט געווען געפאלן אויפן שׂכל צו זאָגן, אז זי איז א גאָנטע קרובה פונעם לייב, וואָלט זי קיין מאל ניט געהאט די זכיה צו רײַטן אויף דעם קאָפּ פון א העלפאנד.

*) סאנסקריט—אלט-אינדיש לשון.



# דער מֶלך, די שלאַנגען און דער אוצר

אין די צײַטן פֿונעם מלך ווירזן איז אין דער יחוסדיקער שטאָט ווירפֿורי זיך פֿאַרלאָפֿן אַ גאַר משעקאַווע מעשה:

אַ מאָל אויף דער נאַכט פֿאַרן שלאָפֿן גיין האָט דער מלך געגעסן נאַשוואַרג.

אַרום חצות האָט אים גענומען שטאַרק דאַרשטן.

לעבן זײַן געלעגער איז געווען אָנגעגרייט אַ קרוג וואַסער. האָט דער מלך עטלעכע מאָל געטרונקען.

די כּלי איז אָבער געשטאַנען אָן אַ שטערצל.

אין דער אייגענער נאַכט האָט אַ שלאַנג געבוירן יונגיטשקע און זיי תּיכּף אויפֿגעפֿרעסן. איין איינציק שלענגעלע אָבער איז אַנטרונען און אַרײַן אין דעם קרוג וואַסער, וואָס לעבן מלכס געלעגער.

ווען דער מלך האָט געטרונקען, האָט ער אַראָפּגעשלונגען דאָס שלענגעלע און גאָרנישט באַמערקט.

דאָס שלענגעלע איז געבליבן בײַם מלך אין בויך און פּאַמעלינקע געוואַקסן און וואַקסן.

האָבן די דאָקטוירים געמיינט, אַז דאָס איז ניט אַנדערש ווי אַ וואַסערבויך, און פאַרשריבן פּלערליי מיטלען און סגולות.

די אַלע רפואות האָבן אָבער געהאַט אַ גאָר קנאַפּע פּעולה—און די קרענק איז געוואָרן ערגער און סכּנותדיקער.

האָט דער קראַנקער מלך געבעטן בײַ זײַנע נאָנטע, מע זאָל מיט אים פאָרן צו די ברעגעס פונעם הייליקן טײַך גאַנגאַ, כּדי צו פאַרברענגען זײַנע לעצטע טעג אין די געבענטשטע מקומות און דאָרט זיך צו לײַטערן מיט תּשובה און תּפילות.

*

אַז אַלץ איז געווען צוגעגרייט צו דער נסיעה, איז דער מלך מיט זײַן סוויטע אַוועק אין וועג אַרײַן.

נאָך אַ גאַנצטאָגיקן מהלך איז באַשלאָסן געוואָרן צו רוען.

לעבן בּרעג פון אַ טײַכל און בשכנות פון אַ דערפל האָט מען אויפגעשפּאַנט די געצעלטן.

ס'איז געווען זומערצייט, אין די סאַמע גרעסטע היצן.

פאַר גרויס מידקייט איז דער מלך באַלד אַנטדרעמלט געוואָרן.

בשעתן שלאָף איז דאָס מויל זיינס געווען אָפן.

ביים געלעגער איז געזעסן דער מישנה-למלך, פאַרטיפט אין געדאַנקען.

פלוצלונג האָט פונעם מלכס מויל די שלאַנג אַרויסגעשטרעקט איר קאָפ און אַ זשעדנע גענומען שלינגען לופט.

*

אין דער ערד, נאָענט ביים קיניגלעכן געצעלט, איז געלעגן אַ שלאַנג. האָט זי באַלד דערשמעקט די אַנדערע און איז אַרויסגעקראָכן פון איר נאָרע. דערזען די שלאַנג אַרויסצינגלען פונעם מלכס מויל, האָט די ערדשלאַנג גענומען פייערן:

— גאָר אַ גרויסע עוולה, וואָס דו ביסט אין די געדערים פונעם מלך. דו ווייסט, אַז דער מלך איז אַ הייליקער, אַז אין זיין זכות שטייען דריי וועלטן? פאַרוואָס-זשע קומט דאָס אים צו פייניקן און מקצר-זיין די יאָרן? דו, אַרורה איינע!

איז די בויכשלאַנג געוואָרן חוצפּהדיק:

— איך וויין, ווי מיר גלוסט זיך, און איך פרעג ביי קיינעם ניט קיין רשות!

פאַרשוויַיגט איר ניט די ערדשלאַנג און זאָגט:

— ווען איך וואָלט זיַין דער מישנה־למלך, וואָלט איך דיך שוין לאַנג געווען ארויסגעטריבן פון מלכס בויך!

רייצט זיך די בויכשלאַנג:

אַנו, בריהטע, ווי אַזוי וואָלסטו מיך ארויס־געטריבן?

ענטפערט די ערדשלאַנג:

— פאַראַן אַ גאָר אויסגעצייכנט מיטל: צעשטויסענע ניסשאָלן, אויסגעמישט מיט זאפטן פון כּלערליי קריַיטעכצער און גראָזן, און דאָס אַ, שטאַרק באַזאלצן, אײַנצוגעבן דעם מלך דריַי מאָל אין טאָג. וואָלט דער מלך באַקומען שילשול און דו, ארורה, וואָלסט צו ביסלעך געגומען פוילן און שטיקלעכוויַיז ארויס פונעם מלכס גוף.

איז די בויכשלאַנג געוואָרן מלא־רציחה און געפיַיערט:

— ווער האָט ביַי דיר געבעטן, אַז דו זאָלסט

רײדן? דו באַדאַרפסט גאָר אין גאַנצן שווײַגן, דו אַלטע מרשעת! איך ווייס שוין פון לאַנג, אַז דו ליגסט אויף אַ פאַן, פול מיט גילדענע רענדלעך! ווען דער מישנה־למלך זאָל האָבן שׂכל, וואָלט ער גאָר גרינג דיך געקענט אַרויסטרײַבן פון דײַן הייל!

צאָרנט די ערדשלאַנג:

— אַדרבא! ווי אַזוי?

צעלאַכט זיך די בויכשלאַנג אַ גאַליקע:

— מע דאַרף נאָר נעמען אַ פאַן מיט קאָכע־דיקן בוימל און אַרײַנגיסן דאָס אין דײַן נאָרע. וואָלסטו תּיכף פאַרבריענט געוואָרן און מע וואָלט דאַן אָן שום סכנה געקענט אַרויסנעמען דעם אוצר.

האָבן די צוויי שלאַנגען זיך לאַנג געקריגט און געהיצט און דערנאָכדעם, מידע פון דער גיפטיקער מחלוקה, צוריק אַוועק אין זייערע באַהעלטענישן. איינע איז אַראָפּ אינעם מלכּס בויך, די צווייטע איז ווידער אין איר הייל אַרײַן.

*

באַלד האָט זיך דער מלך איבערגעוועקט און געזאָגט:

— זאָל דעם עולם געגעבן ווערן א סיגנאַל
ס'איז שוין צײַט צו פֿאָרן ווײַטער!

ענטפֿערט דער מישנה־למלך:

— וואַרט, בעת דו ביסט געשלאָפֿן, איז מיר אײַנגעפֿאַלן א מיטל קעגן דײַן קרענק. לאָמיר אים שוין איצטער אויספּרוּוון. מירן ניט פֿריִער פֿאָרן, ביז דו וועסט אין גאַנצן געזונט ווערן.

זײַנען אוועק שליחים אין דערפֿל אַרײַן און געבראַכט צו טראָגן ניסשאָלן, צעשטויסענע זאַפּט פֿון כּלערליי גראָזן און קרײַטעכצער און א מעסטל זאַלץ. מע האָט עס אַלץ צונויפֿגעמישט צוזאַמען און דרײַ מאָל אין טאָג דערפֿון אײַנגעגעבן דעם מלך צו היפּשע פּאָרציעס.

דער מלך האָט באַקומען שילשול און אַלע מאָל בײַם אָפּפּירן איז אַרויס א שטיקל שלאַנג.

האָבן די יסורים אויפֿגעהערט און דער מלך איז אין גיכן געזונט געוואָרן און זיך געקליבן צוריק א היים.

האָט דער שני־למלך געזאָגט מיט א שמייכעלע:

— איצטער, האַר, מוזן מיר טראַכטן צו דעקן אונדזערע רײַזע־הוצאות.



זײַנען שליחים געריטן אין שטאָט אַרײַן און געבראַכט צװײ און צװאַנציק מעסטלעך בוימל.

דאָס אויפגעקאָכט, האָט מען עס אַרײַנגע־גאָסן אין דער הײל אַרײַן.

די שלאַנג איז תּיכּף ומיד פאַרבּרענט גע־װאָרן.

אויסגעגראָבן די פאַן מיט די גילדענע רענדלעך, איז דער מלך מיט זײַנע באַלײטער צוריק אַװעק קײן װירפורי, דער רעזידענץ־שטאָט.



# דער פונט פלייש.*)

צוויי פאַרשוינען זײַנען אַ מאָל אײַנגעגאַנגען אַ געוועט און צווישן זיך אָפּגעמאַכט: דער געווינער מעג בײַם אַנדערן פונעם לעבעדיקן גוף אויסשנײַדן אַ פונט פלייש.

ווי דער איינער האָט פאַרשפּילט, איז דער אַנדערער דווקא באַשטאַנען אויף דעם, וואָס אים קומט.

יענער האָט אָבער ניט געוואָלט פון זיך לאָזן שנײַדן קיין פלייש.

זײַנען זיי אַוועק צום קאַדי.

אויסגעהערט בײדע צדדים, האָט דער קאַדי געוואָלט מאַכן אַ פשרה.

דער געווינער איז אָבער געווען אַ פאַר־ביסענער עקשן און בשום־אופן זיך ניט געוואָלט פאַרגלײַכן.

---

*) דאָס דאָזיקע מעשהלע האָט דעם אייגנעם מאָטיוו וואָס שעקספּירס „דער סוחר פון ווענעדיק". דאָס מעשהלע געפינט זיך אין אַ סך אַלט־עגיפּטישע און אַלט־פּערסישע ווערסיעס. פון מזרח האָט דאָס מעשהלע געוואַנדלט קיין איטאַליע און דאָרט איז צוגעטראַכט געוואָרן, אַז דער מאַנער פונעם פונט פלייש איז געווען אַ ייד.

שעקספּיר האָט זיך, ווי באַוווּסט, באַנוצט מיט דעם איטאַליענישן נוסח.

א. ש.

האָט דאָס דעם קאָדי ביז גאָר פאַרדראָסן און ער האָט צום אײַנגעשפּאַרטן אַזוי געזאָגט:

— גײ שנײַד אַרויס דעם פונט פלייש! נאָר געדענק: טאָמער וועט זײַן אַ לויט מער, אָדער אַ לויט ווייניקער, וועל איך דיך תּיכּף ומיָד לאָזן אויפהענגען!

דער מאַנער האָט מורא באַקומען און זיך אָפּגעזאָגט פון זײַן בלוטיקער טענה.



## נאַזר-עד-דין און דער סולטאַן.

אין דעם דערפל, ווו נאַזר=עד=דינס עלטערן האָבן געוווינט, איז קיין שול ניט געווען.

האָט דער קלײנינקער נאַזר, אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר זעקס, גענומען זײַן טאָרבע מיט די לערנביכלעך און אַ פריילעכער זיך געלאָזט אין שטעטל אַרײַן.

אין יענע צײַטן האָט אין פּערסיע רעגירט זייער אַ גוטער סולטאַן. פלעגט ער זיך אָפּטמאָל פאַרשטעלן פאַר אַ בעטלער און גיין איבער דער

מדינה כּדי זיך צו באַקענען מיט די נויטן און באַדערפענישן פונעם פאָלק.

באַגעגנט דער פאַרשטעלטער בעטלער אַ מאָל דעם קליינינקן נאַזרן און דערקענט באַלד, אַז דאָס אָרעמע דאָרפישע יינגעלע מיט דער טאָרבע איבערן האַלדז איז אַ קלוגער און ליב־האַרציקער. גיט ער אים אַ קניפּ אין בעקל און פאַרפירט מיט אים אַ שמועס:

— וואוהין גייסטו?

— אין שול אַריין גיי איך!

— נעם זשע דיר דאָס דאָזיקע רענדל זיין קויף דיר צוקערוואַרג.

צעגליִען זיך די אייגלעך ביי דעם יינגעלע:

— אַ דאַנק! אָבער איך קען פון אײַך די מטבע ניט נעמען. דער טאַטע וועט זי ביי מיר דערזען, וועט ער מיך חושד זיין, אַז איך האָב דאָס געגנבעט. וועל איך פון אים באַקומען גע־שלאָגן.

— האָב ניט קיין מורא, נעם דאָס רענדל. און אַז דער טאַטע דיינער וועט ביי דיר פרעגן, זאָלסטו אים זאָגן, אַז דאָס האָט דער סולטאַן דיר געגעבן אַ מתנה.

— דער טאַטע וועט מיר ניט גלייבן!
— פאַר וואָס וועט ער דיר ניט גלייבן?
— מחמת דעם ווײַל דער סולטאַן גיט ניט קיין מתנה אָן איינציקע מטבע. אויב אָבער דו וועסט אָנפילן מײַן טאָרבע מיט רענדלעך, יעמלט וועט מיר דער טאַטע גלייבן!

דער סולטאַן איז פאַרחידושט געוואָרן פון דעם ייִנגעלעס קלוגשאַפט, האָט אָנגעשאָטן די טאָרבע זײַנע פול מיט רענדלעך און אים גע= שיקט אַהיים.

## געסט.

פוז אַ דערפל לעבן אָקשעהי איז געקומען אַ פויער צום מולאַ נאַזר=עד=דין און אים גע= בראַכט אַ מתנה: אַ האָז.

איז דאָס געשאַנק בײַם מולאַ געווען זייער אָנגעלייגט און ער האָט דעם דאָרפסמאַן אויפ= גענומען מיטן גרעסטן כּבֿוד און אים מכבּד־געווען מיט אַ ביסל געשמאַקע היימישע זופּ.

אין אַ וואָך אַרום איז דער אייגענער פויער

ווידער געקומען צום מולאַ צו גאַסט. דאָס מאָל— מיט ליידיקן.

נאַזר=עד=דין האָט דעם פאַרשוין ניט דער= קענט און געפרעגט:

— ווער ביסטו?

האָט דאָס פײַערל אים דערמאָנט:

— איך בין דער יעניקער, וואָס האָט דיר, האַר, אַנומלט געבראַכט אַ מתנה דעם האָז!

האָט דער מולאַ אים גאָר שטאַרק מקרבֿ= געווען.

אַ פאָר טעג דערנאָך זײַנען פלוצים ווידער געקומען עטלעכע דאָרפישע געסט.

דער מולאַ איז טשעקאַווע געווען צו וויסן: ווער? און פון וואַנעט?

פאַרנייגן זיך די פויערים:

— מיר זײַנען די שכנים פון יענעם דאָרפס= מאַן, וואָס האָט דיר דאָ ניט לאַנג געשאָנקען אַ האָז.

האָט דער מולאַ דעם עולם גאָר פײַן אויפֿ= גענומען.

אַ וואָך שפּעטער זײַנען מיט אַ מאָל אָנגע=

קומען אין נאַזר־עד־דינס שטוב אריין א גאַנצער מנין פויערים מיט זייערע ווייבער און קינדער.

ווערט דעם מולא פינצטער פאַר די אויגן און ער שמייכלט מיט אַ ביטער געמיט:

— ווער זייט איר, האַרציקע? און פון וואַנעט קומט איר?

צעלאָזן זיך די ישובניקעס אַלע מיט איין מאָל:

— דאָס זיינען מיר, געאַכפּערטער האר, די שכנים פון יענע שכנים, וואָס ווינען אין שכנות פון דעם פויער, וואָס האָט דיר אַנומלט געבראַכט אַ מתּנה דעם האָז!

האָט דער מולא די „געסט" באַגריסט מיט א ברייטן „ברוכים הבאים!", פאַרבעטן צום טיש און אויפגעוואַרט זיי מיט אַ שיסל וואַסער...

דערזען דעם מאָדנעם כּיבוד, האָבן די פויערים גענומען ברומען:

— וואָס איז דאָס?

האָט דער מולאַ זיי געענטפערט אַזוי צו זאָגן:

— דאָס בין איך אייך מכבּד מיט א זופּ פון יענער האָזנזופּ.



# די סימנים פון אַ נאַר.

א קאַדי האָט אַ מאָל אויף דער נאַכט גע=
לייענט א ביכל, אַז יעדערער, וואָס האָט אַ
פלאַטשיקן שטערן און א לאַנגע באָרד, איז
אַ נאַר.

ער גופא האָט גראָד געהאַט א פלאַטשיקן
שטערן אין א לאַנגע באָרד.

נעמט ער קלערן:

— מילא דעם שטערן מיינעם העכער מאַכן —
דאָס קען איך ניט, אָבער לאָמיך כאָטש די באָרד
מיינע א קאפּעטשקע אונטערשערן!

געזוכט א שער און אזוי גיך ניט געפונען,
האָט ער זיך איבערגעבויגן איבערן ברענענדיקן
נאַפטלאָמפּ און גענומען אין האַנט אַריין א העלפט
באָרד כדי זי ביסלעכווייז אָפּצוסמאַליען.

דער פלאַם האָט ארומגעכאַפּט די האָר.
דער קאַדי האָט זיך שטאַרק צעבריט די האַנט
און האַסטיק אָפּגעלאָזט די באָרד. די באָרד איז
אין גאַנצן אָפּגעברענט געוואָרן.

איז דער קאַדי געבליבן שטיין א פאַר=
טרויערטער, געוואָרן צונטער=רויט פאַר בושה.

וואָרעם איצט האָט ער זיך איבערגעצײַגט, אַז דאָס, וואָס ער האָט אָקאָרשט געלייענט אין בּיכל וועגן די סימָנים פון אַ נאַר, איז אַ בּפֵירושער אֶמֶת.



# דער שעמעוודיקער דאָקטאָר.

געווען אַ דאָקטאָר. האָט ער אַלע מאָל, ווען ס'איז אים אויסגעקומען צו גיין פאַרבײַ דעם בּית־הַקבָרות פון זײַן ווינשטאָט, פאַרהילט דאָס פָּנים זײַנס מיט אַ פאַטשיילע.

אַז דער עולם האָט בײַ אים געפּרעגט, פאַר וואָס ער איז זיך אַזוי נוהג, האָט ער געענטפערט:

— איך שעם זיך פאַר די מֵתים פונעם דאָזיקן בּית־עָלמין, וואָרעם דאָס רוב פון זיי ליגן אין דער ערד אַ דאַנק דעם, וואָס איך האָב זיי „געהיילט"...



# גאָר פּשוט.

א קאסווינער האָט געהאט א קו. בלײַבט די בהמה א מאָל שטיין פאַר א פאס מיט וואסער און נעמט טרינקען. פאַרטשעפּעט זי זיך מיט די הערנער און קען דעם קאָפּ באין־אופן ניט ארויס־ציִען.

קומט דער באלעבאָס אין הויף און זעט דאָס אָנשיקעניש. שטעלט ער זיך אוועק ווי אַ גולם און קען זיך ניט העלפן.

צעהאקן די פאָס? — איז אים די כּלי א גרויסער שאָד. זי איז א שפּאָגלנײַע. ער האָט זי ערשט ניט לאנג געקויפט בײַ זײַן שכן, דעם באָנדער.

הארגענען די קו?—וואָלט געווען א נאריש־קייט. זי גיט דאָך מילך!

לויפט ער הענדום־פענדום צום „דאכא"*) נאָך אן עצה.

*) „דאכא", נעמט זיך פון די צוויי פּערסישע ווערטער „דע—כאָדא". דאָס איז טייטש: „דער עלטסטער פון ארט", דער שטאָט־חכם. דער דאָזיקער איז אויך א „קאסווינער", אָבער ער איז דער „קלוגסטער" צווישן זיי. ווען עס מאכט זיך א פארפּלאָנטערטער ענין, קומט מען צו אים נאָך אן עצה.

א. ש.

קומט דער שטאָט=חכם צו גיין און זאָגט:

—ניט געדאגהט, ברודערקע! זאָל דיר אין דיין גאנצן לעבן קיין מאָל קיין גרעסער אומ=גליק ניט געשען. די זאך איז גאָר פשוט און מע דארף דאָ קיין סך ניט קלערן!

זיך אָפגעזאָגט זיינס, האָט דער „דאכא" גע=נומען א שארפע האַק און דער בהמה אָפגעהאַקט דעם קאָפּ.

האָט מען דעם קאָפּ נאָך אַלץ ניט געקענט ארויסשלעפן. האָט דער שטאָט=חכם מיט דער אייגענער האַק געגעבן עטלעכע זעצן אין פאַס אריין. די כּלי איז זיך צעפּיצלט אויף פּיצלעך און דער קאָפּ פון דער בהמה איז געלעגן אויף דער ערד.

זיך אָפגעווישט דעם שווייס פונעם שטערן, האָט דער שטאָט=חכם מיט א ניצחון=שמייכעלע זיך געווענדט צום קאַסווינער:

— אנו? האָב איך דיר ניט באַלד געזאָגט, אז די זאך איז פּשוטער פון פּשוט!...



# באַקומען אַ הוספה.

אַ מועזזין*) האָט, נעבעך, געהאַט אַזאַ אויס־טערליש מיאוס קול, אַז דער עולם, האָט אים יעדן ראש־חודש געגעבן צען טאָמאַן**), ער זאָל גיין אין אַן אַנדערער שטאָט אַרײַן זינגען.

אָבער נאָך אַ צײַט איז דער לאַ־יצלח צוריק־געקומען צו זײַנע אַלטע באַלעבאַטים און צו זיי געטענהט אַזוי צו זאָגן:

— מאַמינים טײַערע! וואָס מאַכט איר עפּעס פון מיר חוזק און ווילט מיך פּאַטערן מיט סך־הכּל צען טאָמאַן אַ חודש?! אין דער שטאָט, וווּ איך זינג איצטער, וויל מען מיר שוין געבן צוואַנציק טאָמאַן אַ חודש, אַז איך זאָל גיין זינ־גען צו דער תּפילה ערגעץ אַנדערשוווּ. וועט איר מיר מוסיף־זײַן צען טאָמאַן, איז הרי־טוב, ובאים ניט — וועל איך דאָ בלײַבן בײַ אײַך!...

האָט דער עולם אים מוסיף געווען צען טאָמאַן און געווען צופרידן, וואָס זיי זײַנען פון אים פּטור געוואָרן.

*) אַ מין מאכמעדאנישער שמש, וואס רופט זינגענדיק דעם עולם אין מעטשעס אריין. **) אן אלטע פערסישע מטבע.

א. ש.



# אַ שֵׂכלדיקער אויפֿטו.

די בײַנוול־סוחרים פֿון דער הויפּטשטאָט זײַנען געקומען צום קיניג זיך באַקלאָגן, אַז זינט אַ צײַט געשעען אַ סך גניבות. איין בײַנוול־שפּײַכלער נאָכן אַנדערן ווערט אויסגעליידיקט און די גנבים קען מען באַין־אופֿן ניט כאַפּן.

האָט זיך איינער פֿון די ראָטהאַרן אָנגערופֿן:

— זאָל דער קיניג אים נאָר געבן אַ באַפֿעל, וועט ער גאָר גיך אַרויסבאַקומען, ווער די גנבים זײַנען.

און דער ראָטהאַר איז אַוועק אַהיים און פֿאַרבעטן צו זיך די גאַנצע שטאָט, יונג און אַלט, אויף אַ מאָלצײַט.

ווען דער גאַנצער עולם איז געווען פֿאַרזאַמלט און גענומען זיך זעצן, איז פּלוצעם אַרײַן דער ראָטהאַר. יעדן שאַרף אַ קוק געטאָן אין פּנים אַרײַן, האָט ער געפּײַערט:

— וואָסערע חוצפּהדיקע און נאַרישע פֿאַרשוינען די גנבים זײַנען! געגנבֿעט בײַנוול און געקומען צו דער סעודה, הגם די בײַנוול־קודלעס הענגען נאָך אויף זייערע בערד!

עטלעכע פון די געסט האָבן ניט ווילנדיק זיך א כאַפּ געטאָן פאַר זייערע בערד און אַזוי אַרום זיך גופא אויסגעגעבן!

די גנבים האָט מען תיכּף אוועקגעפירט אין תפיסה אַרײַן.

די גאַנצע שטאָט האָט געקלונגען מיט דעם שכלדיקן אויפטו פונעם קיניגלעכן ראָטהאַר.



# די מיאוסע טאָכטער.

א ריכטער האָט געהאַט א טאָכטער. איז זי פון לאַנג שוין געווען ראוי לחופּה. הגם זי האָט געהאַט א גרויסן נדן, האָט זי פאָרט קיינער ניט געוואָלט, ווײַל זי איז, נעבעך, געווען זייער א מיאוסע.

לבסוף האָט זי חתונה געהאַט פאַר א בלינדן.

א צײַט דערנאָך איז געקומען א באַוווּסטער דאָקטאָר פון דער שטאָט סערענדיק און האָט א סך בלינדע זעעוודיק געמאַכט.

האָט מען בײַם ריכטער געפרעגט:
—פאַר וואָס לאָזט ער ניט היילן זײַן אײדעם?
האָט דער ריכטער געענטפערט:
—איך האָב מורא, אַז קוים וועט מײַן אײדעם געזונט ווערן, וועט ער דער טאָכטער מײַנער געבן א גט!



# פון דער ווײַטנס.

א מועזזין איז געלאָפן ווי א ניט־גוטער דורך די גאַסן פון דער שטאָט און געזונגען אָן אויפהער הויך אויפן קול.
פרעגט בײַ אים דער עולם:
— וואָס לויפסטו אַזוינס?
האָט דער מועזזין געענטפערט:
— מע האָט מיר געזאָגט, אַז פון דער ווײַטנס קלינגט מײַן קול זייער שיין. לויף איך זינגענדיק כּדי צו הערן מײַן קול פון דער ווײַטנס!...



# אייזלען קײַען שטרוי.

א קאַסרילעווקער האָט געהאַט צו טאָן מיט די אויגן. איז ער אַוועק צו אַ פּערדנדאָקטאָר בעטן אַ מעדיצין.

האָט דער פערדנדאָקטאָר אים געגעבן אַ מיטל ווי פאַר אַ בּהמה.

דער קאַסרילעווקער איז, נעבעך, גאָר אין גאַנצן בּלינד געוואָרן.

אַז מע האָט די דאָזיקע אויסטערלישע זאַך דערציילט דער ריכטער, האָט ער געענטפערט אַזוי צו זאָגן:

— וואָס קען איך דעם שוטה העלפן? וואָלט ער קיין אייזל ניט געווען, וואָלט ער ניט גע־גאַנגען צו קיין פערדנדאָקטאָר!

# קאַסרילעווקער דערזעען אַ קוימען.

א קאַסרילעווקער האָט צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן דערזען אַ פאַבּריק־קוימען. קוקט ער און קוקט מיט גרויס פאַרוווּנדער און פרעגט בּײַ זײַנעם אַ בּן עיר:

— זאָלסט מיר געזונט זײַן. זאָג מיר, וואָס איז דאָס אזוינס?

דערקלערט אים דער צווייטער אַזוי אָ:

— דאָס איז אַ טיפער ברונעם. מיסתּמא וויל מען אים אויסטריקענען, האָט מען אים דערפאַר איבערגעקערט!

## דעם הויקערס בַקָשֶה

מע האָט א מאָל אַ הויקער אַ פרעג געטאָן:

—וואָלסטו געוואָלט, אַז דײַן רוקן זאָל ווערן גלײַך ווי בײַ אַלעמען, אָדער אַז די רוקנס פון אַלע אַנדערע מענטשן זאָלן ווערן אַזוי קרום ווי דײַנער?

האָט דער הויקער געענפערט:

— איך וואָלט געוואָלט, אַז די רוקנס פון אַלעמען זאָלן אַזוי קרום ווערן ווי מײַנער, כּדי איך זאָל מיט די זעלביקע אויגן אַזוי קוקן אויף זיי, ווי זיי קוקן איצטער אויף מיר!

# דער אָרעמאַן

אַן אָרעמער אַלטעטשקער איז געקומען פאַר דער טיר פון אַ רײַכן.
האָט עמעצער אַ געשריי געטאָן פון שטוב:
— טראָג זיך, זײַ מוחל, װײַטער! די באַלעבאָסטע איז ניטאָ אין דער היים!
דערויף האָט דער אָרעמאַן געענטפערט:
—געװאַלט האָב איך בעטן אַ שטיקל ברויט — און די באַלעבאָסטע האָב איך אין גאַנצן ניט פאַרלאַנגט — טאָ צו װאָס־זשע גיט איר מיר אַזאַ תשובה?



# אינהאַלט:

## בײַ די ברעגעס פון גאַנגעס...—אינדישע מעשהלעך:



## פּערסישע מעשהלעך:

אין פארלאג „גרינינקע ביימעלעך", ווילנע, זיינען
דערשינען פאָלגנדיקע זאמלונגען מעשהלעך
פון **אליעזר שינדלער:**

---

1) פרעמדע מעשהלעך פאַר יידישע קינדער
2) וואָס פעלקער דערציילן
3) וואָס די וועלט דערציילט
4) וואָס אין וואַלד איז געשען
5) יידישע לעגענדעס
6) אין שטילע פאַרנאַכטן
7) אויף זוניקע פליינען
8) דער מזרח שמייכלט
9) צווישן טאָג און נאַכט
10) איבער לענדער און ימען
11) צווישן חדקל און גאַנגעס
12) פון ארבע פינות עולם

---

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן:
S. Bastomski. Wilno, Stefańska 24